פאר קופן צום קאכמייסטער פון אונזער באשע וועל איך
נענוג געלד קריגען אונ ווער נאך גנאדע האבן ביא דעם
באשע; דס וואס דו וועסט פר מיר געבן קאמפעטירט אים
דער שיינער פיש איז גאר ניט גרעכנט קיגען דעם וואס
איך קען דיר געבן פר מיין פרייהייט דו זאלסט וויסן דס
איך בין דער סעניג פון דעם (ים) וואס ער איז דא אין דר
געגינט איך וועל דיר שיינקען איין רינג וואס זיא האט אן
זיך די איינגענשאפטען. ווען דו וועסט דיא רינג אן
טאהן אויף דעם פינגער אונ אום טאן. וועסטו יעדעס
מאהל האבן צו הונדערט דוקאטן אונ חוץ דעם וועסטו
פאר שטיין אונ קענען רידן אלע שפראכן בפרט מיך
אונ דא האסט דוא דעם רינג (אין דעם וויא דער פיש
דאס זאגט מאכט ער דעם מול אויף. אזו זעהט אלגירד
דס פינגעריל הענגען אויף איין צאהן פון דעם פיש. וואגט
ער צום פיש ווי באלד דו וועסט מיך איבער צייגן דס
די איינגענשאפטען פון דער רינג וואר איז. זא בעטיי
איך דיר אויף דער שטעל. זאגט דער פיש נעם די רינג
אונ פראביר; צו ערשט מוזט דו מיר צו שווערן ער
האט אים צו געשווארען דער פיש מאכט דס מול אויף
אלגירד נעמט אים די רינג ארום אונ מעסט זיא זיך
באלד אן. ווי פר וואונדערט איז ער געווארן וויא ער דער
הערט האט די נאלדענע דוקאטינס שיטען זיך אראפ אן
שיפל אריין איך דאנק דיר מיין ליבער פיש זאגט אלגירד
וויא ער זאגט דס מאכט ער די שיטש לויז אונ דר פיש
גיט איין שפרינג אריין אין וואסער אריין אונ שווימט מיט
פרייד אוועק. אונזער אלגירד האט זיך זייער געפרייט ער
איז מיט איין מאל גליקליך געווארען ער האט זיך אן
גהויבן צו שיפן צום לאנד. אונ איבער דר צייט וואס ער

האט

הט זיך גשיפט חט ער אלץ דם פינגערל אנגטאן אונ
אום גטאן אונ די דוקאטנס האבען זיך געשוט ווי
אהאגיל ער איז אבער גוועזן פר טראכט אין דעם נעכר
הט ער גאר ניט גזעהן אז דם שיפל איז שון פול מיט
גאלד . אין דעם איז גוואורן איין שטארקר ווינד עס איז
פלוצלונג גקוסען אפאלע אונ הט גנעבי דם שיפעל אקער
אים אין וואסער אריין . דם גאלד איז באלד צום גרונד
גפאלן אונזער אלגירד אבער הט נוט גקאנט שווימען
אונ איז מיט גליק צום לאנד צו גשוואומען :

וויא ער איז צום לאנד צו גקומן איז אים זייער אשאד
גוועזן דם גאלד וום ער הט פר לורן ער זאגט אבער
וואס פאר אשאדן הב איך גהאט איך הב דאך די ריגג
דם איז דאך איין (אוצר) וואס עס קען זיך קיין סאהל
ניט אום שעפן דם פינגערל הב איך דאך ניט פר לורן
אונ מיט די גדאנקן אין ער אהיים גגאנגען :

ווי ער איז אהיים גקומן זענן נאך זיינע קליידער אין
גאנצען ניט טרוקן גוועזן . די מוטער פרעגט אים די
אורזאכע דער פון ער הט איר אין גאנצן דר ציילט אונ
ווייזט איר אויך דם וואונדער בארע פינגעריל וויא ער
שטייט אזו ביי זיין מוטר לעבן טיש טוט ער אן אונ
טוט אום דם פינגערל פאלן אראפ אוף דעם טיש צווייא
הונדערט דוקאטען די מוטער הט זיך זייער גפרייט
נוא ליבע מוטער זאגט אלגירד צו איר אצונד קענן מיר
שון רוהיג לעבי עס וועט אונז שון קיין סאהל נעכר ניט
פעלן איך אבער זאג ער הט אין דער היים גאר ניט
וואס צו טאן . ליבע מוטער לאז מיך אין דר וועלט אריין
איך וועל מיר איין אקרענם קופן אונ רייזן אין פרעמדע
ווייטע לענדער צו זעהן די וועלט :

וויא

ווי די מוטער הט דאס דער הערט איז זיא זייער דער
שראקען געווארען אונ זאגט צו אים מיין ליבער זון פר לאז
מיך ניט אויף מיין עלטער. רייז ניט אפ פון מיר מיין ליב
קינד צו וואס טוט מיר דם נאגצע פר מעגן ווען דוא מיין
ליבר זון ווילסט פון מיר אויף מיין עלטער אוועק. איך בין
דאך שון אלט זיא האט נאך מער גרעט מיט טרערן
אונ מיט געוויין עס הט אבער ניט געהאלפן זיין גרוס לוסט
האט זיך זייער געשטארקט אויף דעם (ים) צו רייזן איז ער
אן דיא מוטערס וויסן אויף איין אקרענט אויף געזעסן אונ
איז אוועק אונ הט זיך מיט דיא מוטער ניט געזעגינט:

ליבער לעזער. איז וואהר אונזער אלגירד איז שון
גליקליך דיא וועסט דאס אים גווים (סקנא) זיין אבער
דוא זאלסט ניט פאר געסן וואס זיין פאטר האט אים אן
געזאגט פאר זיין שטארבן ער זאל אן זיין מוטערס דר לובניש
ניט אוועק. אונזער אלגירד האט אבער אן דעם פאר
געסן. אונ האט ניט געטראכט גאט קען אים שטראפן
ווי די היסטאריע וועט ווייטער פאר ציילן וועסט דו פר
שטיין ווי פר נארט דער מענש איז אין דר יוגינד:

דער אקרענט וואס אלגירד איז אויף געזעסן איז געוועזן
ווייט צוא רייזן דאס האט אים זייער גפרייד ווייל זיינע
גדאנקען זענן געוועזן דיא גרוסע וועלט צו באזעהען. דער
אקרענט איז מיטן גוטען ווינד אפ גרייזט ער זעגילט
שון גאנץ ווייט פון דער שטאט אויף דעם ריינעם (ים) ער
איז זייער צו פרידן דאס ער שון אין גאנצן די שטאט
אום די אוגן פאר לורען ער האט זיך נאר ניט דער מאנט
ווי זיינע אלטע מוטער אין דער היים וויינט אונ קלאגט
נאך אים ער האט זיך איינגירעדט דאס געלט וועט זיא
טרייסטן זיין. געלד איז נאר איין רייץ ביי יונגע מענטשען

זייא

זייא מיינען דאס איז גאר דער גאנצר (תכלית) אויף דער וועלט אבער דער אלטער מאן בייא אים איז נאר דיא פרייד אויף דער עלטער גוטע קינדער איבער צו לאזן איך ברויך ניט אזו פיל (מוסר) צו שרייבן דם פר שטייט שון יעדער מיט זיין פר שטאנד :

קורץ ער איז שון גאנץ ווייט געוועזן ער איז שון דורך גרייזט ווייטע שטעט גרויסע אינזלען און האבן אלץ גהאט גוטע און שיינע וועטער אין מאהל בייא נאכט וויא ארגירד איז גלעגן אין זיין שטיבל און גשלאפן האט אים אויף געוועקט איין שרעקליכר געשרייא פון די מענטשען וואס ווארן אויף דעם אקרענט דען עס האט זיך אויף גהאבט איין גרויסר שטורים ווינד מיט דונער און בליצען . די מענטשן פון דער שיף זענן ארום גלאפן ווי אומזיניג און האבען זייער ביטערליך געוויינט . ווען ארגירד איז ארום גלאפן אויף דעם אויבער פלעטץ פון אקרענט . ווי דער שראק איז ער געווארן ווי ער האט דער זעהען אין וואס פאר איין אומגליק די שיף איז : דער ווינד האט שון דעם זעגעלבוים צו בראכען און דעם אקרענט אזוי שטארק געווארפען דס איז אלץ צו בראכן געווארען מען האט ניט מער גהערט נאר שרייען מיר זענן פר לורן . גאט ערבארים דיך איבער אונז העלף אונז . פלוצלונג האט דער אקרענט גקריגן איין קנאק פון איין שטיין וואס עס איז געוועזן אונטער דעם וואסר און דיא ליבע שיף איז צו בראכן געווארן אויף שטיקר און אלע מענטשן זענן אריין אין וואסער אזוי פיל מענטשען האבן זיך אן גהאלטן אן די שטיקער פון דער שיף און זיך פעסט געהאלטען אבער דם איז אויך נאר קיין הילף געוועזן ער האט זיך גמאטערט עטליכע שטונדען לענגער מיט דעם טוט . קורץ די אלע

אומגליקליכע

אומגליקליכע זענען נעביך דער פרונסטן גוואָרן מיט
זייער פארסעגן :

אצונד וועלן מיר אנפאנגען צו פר ציילן ווי עס האט זיך געפירט מיט אונזער אלגירדן ער איז זייער שטארק גוועזן אונ נאך דער צו האט ער גוט געקענט שווימען האט ער זיך עטליכע שטונדן געהאלטן אויף דעם וואסער . ווי ער איז שון מיר גוועזן האט אים גאט צו געשיקט איין באלקן פון דעם צו שלאנגענעם אקרענט אונ דאס האט אים עטוואס , געהאלפן זיך צו האלטן פון אויבן אויף דעם וואסער . דען ער האט שון באלד גהאט זיינע קרעפטן פאר לורען :

מיין ליבער לעזער יעצט קענסט דו מערקן פר וואס גאט האט אים געשטראפט איז דאס ניט גוועזן דורך די זינד ווייל ער איז אוועק אן די מוטערס בעפעל דעמאלט האט ער נאך אזוי פיל פר שטאנד געהאט דס ער האט זיך דער מאנט אן זיין מוטער דס דורך די זינד ווערט ער געשטראפט ער האט זייער בערויערט זיין נארהייט ער האט זייער גוויינט אונ גבעטן צו גאט ער זאל אים מוחל זיין אונ זאל אים פון טויט מציל זיין :

דער בשעפר פון דער וועלט האט ניט מעהר פר לאנגט נאר ער זאל זיינע זינד בערקענן (תשובה) טאן האט זיין געבעט דער הערט אונ עס איז נקום גפוער פון אונטער דעם וואסער איין גרויסר פיש אונ האט אלגירדען מיט דעם ברעט צו זאמן גטראגן ביז צום לאנד :

ווי ער איז אויף דר טרוקעניש ארויף גקומען האט ער זיך נאר וואס אפ גרוט ער איז גפאלען אויף זיין גזיכט אונ האט גאט גדאנקט פר די רעטונג . נאך דעם האט ער זיך אומגזעהן ווי ער איז ערגעץ אין דער וועלט . האט

ער

ער געזעהן דם ער באפינדעט זיך אויף זייער איין שיין פעלד בעוואקסן מיט גראז אויך שיינע רויזן נאר אין וואס פאר איין געגינד ער איז האט ער ניט געוואוסט ער האט זיך אומגעזעהן אונ האט אן געהויבן צו גיין עטוואס טיפער אין פעלד האט ער געטראפן צוויי מענטשן גיין זייער שיין אן געטאהן . ער האט זיי געפרעגט אויף זיין שפראך . וואס פאר איין געגינד דם איז . זיי אבער האבן אים געענפערט מיט איין אנדער שפראך וועלכעס ער זייער גוט פאר שטאנן האט ניט בלויז פאר שטאנן נאר מיט זייא איין צייט גירעט גלייך עס ווארט געוועזן זיין שפראך דם איז געוועזן דורך דיא הילף פון דער רינג זיי האבן אים דעם וועג געוויזן אונ ער איז גליקליך אין דער שטאט אריין געקומן . ער האט עטליכע טאג אין דר שטאט גרוס פערגינינגן צו געבראכט געלט האט אים ניט געפעלט ער האט דם פינגעריל פון פינגער אראפ גענומען אונ אזוי געטאן האט ער שון געהאט צווייא הונדערט גאלדרינגע דוקאטן ער האט אין דער (מדינה) פיל שטעט דורך גרייזט אין יערן גאסט הויז ווי ער איז געשטאנן האט ער זייער רייכליך בעפרידיגט . אויך האט ער איין גרוסן פאר שטאנד געקריגן . דורך דער רינג גלייך ער וואלט געוועזן דער ערשטער פילאזאף . מיט איין מאל זעהט ער ווי די איינוואונער גייען עטוואס באטריבט ארום וועלכעס זייער גיוואוינהייט ניט געוועזן איז . ער פרעגט די אורזאך דער פון . וואס זאגן די געטרייע איינוואונער דו ווייסט ניט . איין געוויסער מעכטיגער באשע האט אונזער באשע (מלחמה) אן געזאגט אונזער באשע שפירט זיך אבערגנים איז שטארק דען ער האט ניט אזוא פיל געלד ווי יענער פאר לאנגט . מען האט ערשט היינט אין דיא צייטונג

בקאנט

בעקאנט געמאכט ווערעם וועט דעם באשע מיט אזוי איין
סיטע ארום העלפן . דעם וועט ער געבן זיין איינציגען
מאכטער פאר אווייב וועלכעם איר שענהייט איז ניט צו
געפינען אין דער גאנצער וועלט אונ נאך זיין טויט זאל ער
באשע ווערן ;

וויא אלגירד האט דאס דר הערט מאכט ער זיך גאר
ניט וויסן ער נעמט זיין רייזע טאש אונ הייבט אן צוא
רייזן אין דיא רעזידענץ שטאט אריין וויא ער איז אין
עטליכע טעג אהן געקומען האט ער זיך ניט געזעהנט פאר
וואנדערן אוף די שענהייט פון דר שטאט די פרעכטיגע
פאלאצן דיא הויכע טורמע איבער הויפט דעם באשעס
פאלעץ האט אים גאר זייער אויגן פר בלענדר .

דס ערשטע איז געוועזן ווי ער איז אין דר רעזידענץ
שטאט אריין געקומען האט ער זיך איין בעקאנט שאפט
געמאכט מיט איין גאנץ פרומען אונ ערליכען מאן ער האט
אים געגעבן עטליכע טווינד דוקאטן אונטער די ארמע צו
טיילן ניט איין מרערן האבן נעביך דיא נויט בארדרפטיגע
פאר גאסן פאר פרייד וואס מען האט זייא אין זייער נויט
מיט עפיס אוף געהאלפן :

אלגירד האט זיך גלייך צום באשע געמאלדן דר באשע
האט אים געהייסן פר זיך פארשטעלן אוך אין דעם זאל
האט זיך געפונן דיא פרינצעסן דעם באשעס טאכטער
איר שענהייט האט אים זייער אויגן פר בלענדר . דר באשע
האט אים געהייסן עטוואס נענטער צו אים צו קומען :

אונזער אלגירד איז געוועזן אוך איין שיינער פארשון
גאנץ דעליקאט אויף דעם געזיכט שווארצע האר דיא
בארד עטוואס פאר לאזט זיין אויסזיכט האט געצייגט
זיינע איין אונד צוואנציג יאהר :

דֶר בַּאשֶׁע פְּרֶעגְט אִים וָוס זַיין פַר רַאנְגֶן אִיז עֶנְפֶּרְט אלגירד זַייעֶר מִיט אֵיין זִיסֶע שְׁטִימֶע. דֶער בַּאשֶׁע זָאל לֶעבֶּן אִיךְ הָאבּ גֶעהֶערְט דָם זַיי בְּרוּכֶן אֵיינֶע רֵייכְלִיכֶע סוּמֶע גֶעלְד זִיךְ פוּן אֵיין שְׁטְרֵייט נֵייטִיג אוּם צוּ מַאכֶן בִּין אִיךְ בְּרֵייט מִיט דֶר סוּמֶע דֶעם בַּאשֶׁע אַרוּם צוּ הֶעלְפֶן נִיט בְּלוֹז דִי סוּמֶע נָאר נָאךְ מוּיזֶנְד מָאהְל אַזוֹ פִיל אוּנ עֶם וֶועט מִיר פוּן מֵיין פַארְמֶעגְן נָאר נִיט פֶעלֶן:

דֶר בַּאשֶׁע הָאט זִיךְ פַר וואוּנְדֶערְט דֶר יוּנְגֶער מֶענְש זָאל אַזוֹי אֵיין גְרוֹים פַר מֶעגֶן בֶּעזִיצֶען וֶוייל עֶר נִיט גֶעקְלֵייט וָוָאר וִוי אֵיין גְרוֹיסֶער מַאן צוּ קוּמְט דֶר בַּאשֶׁע זָאגְט צוּ אִים דוּ וֶוייסְט דָאךְ וָוס פַר אֵיין בֶּערָאנוּנְג אוּף דִיר וַוארְט וָוען דוּ וֶועסְט מִיר דָם גֶעלְד גֶעבֶּן (עֶר וֶוייזְט אוּיךְ זַיינֶע טָאכְטֶר דִי פְּרִינְצֶעסֶן) מַיינֶע טָאכְטֶער בַּאשְׁטִמְט דוּ צוּ אֵיינֶע פְּרוּיא דִי פְּרִינְצֶעסֶ אִיז רוֹיט אוּנ פַר שֶׁעמְט גֶעוָוארֶן אוּנ נָאךְ מֵיין שְׁטַארְבֶן זָאלְסְט דוּ אוּף מֵיין אָרְט בַּאשֶׁע זַיין:

אלגירד שְׁפְּרֶעכְט צוּם בַּאשֶׁע אִירֶע הָאהֵייט זָאל הֵייסֶן מַאכֶן אֵיין פְּרָעכְטִיגְמִיג צִימֶער אָן אֵיין טִיר אוּנ אָן פֶענְצְטֶער עֶם זָאל זַיין צֶעהֶן אֵיילֶן בְּרֵייט צֶעהֶן אֵיילֶן לַאנְג אוּנ צֶעהֶן אֵיילֶן הוֹיךְ אוֹבֶן אוּיף דֶעם דַאךְ זָאל זַיין אֵיין עֶפֶנוּנְג דָם אֵיין מֶענְשׁ זָאל זִיךְ קֶענֶן אַרָאפּ לָאזֶן. אַזוֹ הָאפֶע אִיךְ אִין צְוֵויי טָאג אַרוּם דֶר גְרִיסְלִיכְסְטֶער אוּף דֶר וֶועלְט צוּ זַיין:

עֶם אִיז אוּם גֶעגַאנְגֶן פִיר אוּנ צְוַואנְצִיג שְׁטוּנְדֶן אִין דָם צִימֶער שׁוֹין פֶערְטִיג גֶעוֶוען אלגירד אִיז גֶעגַאנְגֶן אִין בֶּעגְלֵייטוּנְג פוּן בַּאשֶׁע אוּיךְ אַנְדֶרֶע גְרוֹסֶע לַייט צוּ דֶער שְׁטוּבּ מֶען הָאט. אֵיין לֵייטֶער צוּ גֶשְׁטֶעלְט עֶר אִיז אוּיף אוּנ זִיךְ דוּרְךְ אֵיין שְׁפְּרִיס לֵייטֶר אַרָאפּ גֶעלָאזְט עֶר

חט זיך מיט גנוסען נאר אויף צווייא טאג שפייז דעם ליטער חט מען באלד אוועק גנומען. אונ ער איז יאנווייניג גבליבן. דער באשע האט דאס חוז גוויס גלאזט בעוואכען מיט מיליטער אלגירד איז געווים איגווייניג ניט לייריג גוועסן נאר דאס פינגרל אן גטאן אונ אום גטאן די רוקאסן וען גמאכן ווי איין האניל דעם צווייטן טאג נאך מיטאג חט מען שון זיין קאפ גזעהן ארוס שמעקן דען עס איז גוועזן זו פיל נאלד אן געשיט דס ער איז שון אויף דעם נאלד גשטאנען מען חט עס גלייך דעם באשע גמאלדן אז דס גאנצע צימער איז שון פול מיט גאלד דר באשע הט ניט גוואוסט אונ איז גגאנגען זעלבסט דס וואונדער זעהן. מען חט אים איין לייטר צו גשטעלט ער איז ארויף אונ גזעהן דס הויז איז שון פיל מיט גאלד ער הט אים מיט בייזע הענד ארוס גנומען אונ גקושט אונ נהארזט אונ באלד מיט דעם גאנצען שווינגערזין אירעם פיזען דער באשע האט זיך באלד מיט דעם געלד פון דער קרוג לויז גמאכט אונ זיי זענען גבליבען גוטע פריינד. דער באשע הט באלד בעפאלט גמאכט דס אין אכט טאג ארוס וועט זיין די טאכטערס חתונה מיט אלגירדן דער וואס אזו פיל בוטער גרעטעט הט די חאכציים איז גשעהן דס גאנצע פאלק האבן זיך גפרייט אונ גאט גדאנקט ווס הט זיי (מציל) גוועזן פון דער שטרייט:

אצונדערט מיינע ליבע לעזער איז אלגירד שון דער גליקליכסטער אויף דער וועלט. די גלייבסט דאך דאס געווים מען קען דאך אנדערש ניט זאגן. פון אזוי איין ארעסען שטאנד צו איין גליס צו קומען וועלכס וועלט זיך צו טרעפן איז אזו איין וואונדערבארע רינג צו בפוטן

איין

אין באשעס איינזאיירעם צו ווערן . גיין ליבער לעזר דו שיף בראך איז נאך ניט גענוג געוועזן אים צו שטראפען וויל ער האט זיין פאטערס צוואה ניט געהאלטן אונ איז אוועק אן זיין מוטערס ווילן אצונדרט איז ער נאך אריין געפאלן אזו ווי איין פייגירע אין דר נעסט אריין צו איינע פאלשע פרוא אין די האנד אריין ער האט נאר איר האנד בקומען אבער ניט דם הארץ פון דעם סענסט די יונגער מענש פאר שטיין אין ווס פר אונגליקן מען סע אריין פאלן אז מען פאלגט ניט עלטערן . ווי די היסטאריע ווערט ווייטער שרייבען :

די ערשטע עטליכע וואכן האבן זיי זייער גוט געלעבט זיא האט אים פאלשע ליבע געוויזען ער איז איר אבער גאנץ געטריא געוועזן איין מאל איז אלגירד מיט זיינע פרוי שפאצירן געגאנגן דען עס איז געוועזן איין שיינער טאג מען זאל זיי ניט דער קענן . האבן זיי דעם שפאציר צו פיס געמאכט עס איז געוועזן אום פינף אוהר נאך מיטאגס אום זומער . אזו זענן זיי געקומן אין איין וועלדיל אריין האבן זיי געזעהן ווי מענשן ארבעטן נעמליך אזוי שווער מיט שטיינער האקן דער שווייס האט זיך פון זיי אראפ געגאסן אונ זיי האבן מיט די גרויסע האמערס געארבעט שווער אונ ביטער :

שפרעכט ער צוא זיינע פרוי דוא זעהסט וויא מיר ברויכן גאט צו דאנקען ווארום זאלן מיר גליקליכער זיין . געווים איז עס מיט גאטס ווילן דאך אונזער שולדיגקייט איז זיי ארום צו העלפן . ענטפערט זיא מיין ליבער מאן מיט ווס קענסט דו זייא העלפן . וועסטו זיי דען געבן איין אנדערע (מלאכה) אין דיא הענד אריין . גיין מיין ליב ווייב זאגט ער איך וועל זייא העלפן מיט געלד .

זויא

אֵיין מָאל ווִי עֶר זִיצְט אַזוֹ בַּאטְרִיבְּט אוּנ קְלֶערְט וָואס זַיין עֶנְדֶע וֶועט זַיין אִין דֶעם וַואלְד הֶערְט עֶר אַנְשְׁרֵייאוּ פוּן מֶענְשֶׁן עֶר הָאט זִיךְ גְּפְרֵייט עֶר הָאט גֶּמֵיינְט דָס עֶר אִיז שׁוֹין גְּהָאלְפֶן אוּנ אִיז גֶנַאנְגֶן זֶעהֶן וָוס דָס גְּשְׁרֵייא בַּאטַייט. ווִי דֶר שְׁרָאקֶן אִיז עֶר אָבֶּער גְּוָוארֶן דָס עֶר גְּזֶעהֶן הָאט דָס דְרַייא טַייוְוָלֶען שְׁלָאגֶן זִיךְ צְווִישֶׁן דִי בֵּיימֶר. גְּטְרַאכְט הָאט עֶר זִיךְ זָאל אִיךְ צוּ גֵיין וֶועלֶן זֵייא מִיךְ גְּווִיס צוּ רֵייסֶן זָאל אִיךְ נִיט צוּ גֵיין וֶועל אִיךְ מוּזֶן פַר הוּנְגֶער שְׁטַארְבְּן אָדֶר פוּן דִי ווִילְדֶע חַיוֹת גְּפְרֶעסֶן וֶוערֶן עֶר הָאט זִיךְ גְּטַאכְט אֵיין הַארְץ אוּנ אִיז צוּ זֵייא צוּ גֶנַאנְגֶן:

הֶע טַייוְוָלֶען פַר וָוס שְׁלָאגְט אִיר אַייךְ זֵייא קוּמֶן אִים אָן אוּנ זָאגֶן מִיט גְּרוֹס צָארְן וָוס גֵייט דָס דִיךְ אָן מִיר גֵייט דָס נִיט אָן דָס הָאט אִיר גַאנְץ רֶעכְט. אָבֶּר עֶס וֶועט דָאךְ אַייךְ נִיט שָׁאדֶן מַאכֶן וֶוען אִיר וֶועט מִיר זָאגֶן אִיבֶּר וָוס אִיר שְׁלָאגְט אַייךְ פִילֵייכְט וֶועל אִיךְ אַייךְ אוֹס גְּלַייכֶן אִיר זָאלְט צוּ פְרִידֶן זַיין. הֶער אוֹס דוּ יוּנְגֶער מֶענְשׁ זָאגְט צוּ אִים אֵיינֶר פוּן דִי בֵּייזֶע גֵייסְטֶר אַזוֹ בַּאלְד דוּ וֶועסְט אוּנְז אוֹס גְּלַייכֶן וֶועט יֶעדֶר פוּן אוּנְז דִיר אַגְשֶׁענְס מַאכֶן:

אִיךְ גִיבּ דִיר זָאגְט דֶער עֶרְשְׁטֶר אַנִיהָאפֶּען הִיטֶעלֶע דָס הָאט אָן זִיךְ דִי אֵייגֶנְשַׁאפְט וֶוען דוּ וֶועסְט עֶס אָן טָאן וֶועסְט דוּ וֶוערֶן (אַרוֹאֶה וְאֵינוֹ נִרְאָה) דָרְם הֵייסְט דוּ וֶועסְט יֶעדֶן זֶעהֶן אוּנ דִיךְ וֶועט קֵיינֶר נִיט זֶעהֶן:

אוּךְ זָאגְט דֶר צְווֵייטֶר וֶועל דִיר שֶׁענְקֶן אַזוֹ אֵיין דִיוַואן אַזוֹ בַּאלְד דוּ וֶועסְט דֶעם דִיוַואן אוֹס שְׁפְּרֵייטֶן אוּנ אוּף אִים זִיךְ אוּף זֶעצְן וֶועט עֶר דִיךְ טְרָאגֶן וואוּ דוּ וֶועסְט וֶועלֶן:

אוּךְ זָאגְט דֶר דְרִיטֶר וֶועל דִיר שֶׁענְקֶן אַפָּאר שְׁטִיוְויל זֵייא הָאבֶּן דִי אֵייגֶנְשַׁאפְטֶן אַזוֹ בַּאלְד דוּ וֶועסְט אִין זֵייא גֵיין אִין גְרֶעסְטֶן וֶועטֶר וֶועלְן זֵייא נִיט גְּשְׁמוּצְט זַיין. אוּךְ קֶענְן זֵייא

נימל נימאלס

גימאלס צו ריסן ווערן איבר הויפט די גרעסטע איינאשנפט פון זיי אז דו וועסט געבן אשפרונג . וועכטו זיין אויף הונדערט מייל ווייט און נאך אזו יעדן שפרונג :

דם ארץ איז גאנץ גוט זאגט אלגירד צו זיי . נאר זאגט מיר נאר ווען וואס איר פייגט אייך :

מיר קענן זיך ניט צו טיילן מיט דעם גאלד וואס דא ליגט עס זאל איך יעדן גלייך אום קומן ווען ניט מער נאר דאס זאגט אלגירד איז אפליינעסיים איך וועל אייך איין טיילן דם יעדר זאל צו פירן זיין איר גוט מיר אבר פייער די אלע דריי זאכן געבן דען איך זאג אייך די ריינס ווארהייט דם איך גלייב אייך ניט שטארס מיר גיבן מיר גיבן שרייען אלע דריי מיט איין מאל . און יעדר נעמט אויס זיין גשענקס איינר דעם דיוואן דר אנדרע דם היטלע דער דריטר די שטיוויל און גיבן אים . אצונדרט זאגט ער ריינגט דם גאנצע גאלד ארוף אויף דעם דיוואן וועל איך אייך צו טיילן נאר צו דעם ברוך איך דריי זאכן צו האבן דו וואס דו האסט מיר דעם דיוואן געבן זאלסטו ברענגען אצווייג פון אפיל בום . דו צווייטר וואס דו האסט מיר געבן דם היטל זאלסטו מיר ברענגן אצווייג פון אקאשטן בוים . און דו דריטר וואס דו האסט מיר די שטיוויל געבן זאלסטו מיר ברענגן צעהן בלומן פון צווישן גראז . גאנץ גוט זאגן זיי און יעדר הט זיך צו לאזט אזו ווי ווילדע פערד אויף איין אנדר ארט איינר דא איינר דארט . איבר דר צייט הט זיך אלגירד אויף גזעצט אויף דעם דיוואן און זאגט מיין ליבר דיוואן טראג מיך אהיים צו מיין פרוא . דער גוטער דיוואן הט זיך געבן אהייב אויף מיט אים און מיט דעם גאלד און איז גפלוגן ווי אפייל פון בוגן . דם היטל הט ער גהאט אין די קעשענע און די שטיוויל אויף די פיס :

ווי די קלוגע מייזען זעני צורים גקומן אונ יעדר הט מיט גבראכט ווס אלגירד הט אים בפולן: האבן זיי אייגר דעם אנדערן שולד גגעבן אונ האבן זיך אוף דער ניי אן גהויבן צו שלאגן ביז דם מייזויל בלוט הט זיך פון זיי גגאסן. נוא לאז זיי זיך דר ווייל שלאגן אונ מיר וועלן זעהן ווי אלגירד איז גפלוגן:

ווי אלגירד איז שוין גזעסן פאר דער שטאט הט ער גהייסן דם דר דיוואן זאל זיך ארויס לאזן וועלכעס עס איז באלד גשעהן צום ערשטן האט ער זיך דם היטעל אן גטאן דם עס זאל אים קיינער ניט זעהן. דם גאלד הט ער באגראבן אונטער א בוים דעם דיוואן הט ער צו נויף גלייגט אונ גנומן אונטער דעם ארעם:

דם ערשטע איז גוועזן אין זיין גדאנקן ער זאל זיך זעהן מיט דעם תריון אונ אים דאנקן. ער איז אויך באלד גגאנגן צו אים. ער הט אים גטראפן פון די טרעפ ארויף גיין הט זיך אלגירד גשטעלט אין אויס פון די טרעפ דר תריון הט אים ניט גזעהן ווייל ער איז אין דעם היטעלע גגאנגן. אזו זעהט אלגירד דם דר הער בעגריפט דען אזו הט ער גהייסן ניט אריין אין זיין לוסט גארטן: אלגירד גייט אים אליין אונזיכטבאר נאך ביז צו זיין אלטאנע. דר בעגריפט זעצט זיך אנידער אלגירד זעהט זיך אום ער זעהט דם הונץ אים איז קיין מענש מער אין גארטן דא. אזו גייט ער אונ נעמט דם היטל פון קאפ ארויס אונ גייט צו אים צו. ווי ער הט דר זעהן איז ער זייער דר שראקן גווארן אונ זאגט וואס טוסטו דא. אלגירד ווילסט מיך אומגליקליך מאכן:

אלגירד הייבט אן צו לאכן אונ זאגט שרעק דיך ניט עס וועט דיר גאר ניט זיין. ער הט אים פר צייליט די גאנצע היסטאריע אונ אויך אים גצייגט די דריי ווונדערבארע

זאבן אונ איז איבר אים גפאלן אונ גקושט אונ גהאלזט ער הט זיך ביי דעם תליון אויף גהאלטן צוויי טאג . דס גאלד הט ער דעם שארפריכטער גגעבן . מיט די ווערטר דס גאלד שענק איך דיר . נור עסין זאל איך ביי דיין טיש האבן ביז איך וועל מיין רינג צו ריק האבן ;

דעם דריטן טאג איז זיך אלגירד אביסל דורך גנאנגן אין שראם אריין . די וואך הט אים נאר ניט גשטערט ווייל ער אונזיכטבאר וואר . ווי ער קומט אריין אין דר ערשטע סאלע קוקט זיך די וואך אום ; די טיר הט זיך אליין אויף גמאכט:

ווי ער קומט אריין אין דר צווייטער סאלע שטייען צוויי יענעראלן אויף דר וואך אונ וואונדרן זיך אויך ווייל די טיר הט זיך זעלבסט אויף גמאכט . ער איז דורך גנאנגען אלע סאלעס ביז ער איז גקומען אין די לעצטע סאלע דארטן הט ער שון גטראפן דעם באשע מיט דר טאכטר :

ווי ער איז אריין גקומען האלט ער זיך נאך אלץ אונ זיכטבאר אונ הערט זייער גשפרעך צו . ארגינע זאגט דר באשע צו זיין טאכטר . דו האסט ניט דורך גלעזן דעם בריף פון פערסיאנישען קעניג וואס ער גשריבן הט וועגן דיר . אך ליבער פאטער (זיא שעמט זיך) זאג מיין קינד שעם דיך ניט ווי מיינסטו דו ביסט צו פרידן פון דעם שידוך . דו האסט דאך זיין פאטרעט גזעהן . זיא נעמט דעם בריף פון דר קעשינע ארום אונ לעזט גאנץ שטיל מיט פארגניגן . אלגירד הייבט אן דס היטעלע צו בניצן ער נעמט דעם בריף פון טיש אראפ . אלגינע זעהט מיט אירע אויגן ווי דר בריף ווערט פר שווינדן פון טיש : אזו גיט זי אגרויסן גשריא פאטער ער זאגט וואס איז דס מיין קינד . אלגינע זאגט מיט שרעק דער בריף ; זי פאלט אין חלשות עס איז גווארן א גרידער אין פאלעץ . עס ווערן באלד דאקטורים גקומען מען הט זיא

דעראטעוועט

דֶערַאטְעוָועט זִי אִיז צוּ זִיךְ גְקוּמֶען . אלנירד הָט זַיי שוֹין דֶעם טָאג צוּ פְרִירֶען גְלָאזְט . עֶר אִיז אוּנְזִיכְטְבַּאר פוּן פַאלֶעץ אַרוֹיס אוּנ זִיךְ נָאךְ הויז אַוֶועק :

דֶר בַּאשָׁע אִיז בַּאלְד עֶרְפַאהְרֶען דוּרךְ וָוס דִי טָאכְטֶער אִיז חַלָשׁוּת גְוָוארֶען . וֶועלְכֶעס אִים הָט נִיט וֶוייניג גְוואוּנְדֶערְט עֶר הָט נִיט גְקֶענְט פַאר שְׁטֵיין וָואס דָס בַּטַייטְן :

דֶעם צְווֵייטֶען טָאג אִיז זִיךְ אלנירד ווידֶר אִין פַאלֶעץ אַיין גְנַאנְגֶען דוּרךְ אַלֶע סַאלֶעס צוּם בַּאשָׁע עֶר הָט אִים גְטְרָאפֶען ווידֶער זִיצֶען מִיט אלנינען אוּנ גְשְׁפְּרָאכֶען פוּן דֶעם נֶעכְטִיגֶען צוּ פַאל :

דֶר בּאשָׁע זָאגְט וַוארְט דוּ מַיין לִיבֶּע אלגינע אִיךְ וֶועל בַּאלְד אַרַיין קוּמֶען עֶר גֵייט אִין צְווֵייטֶען צִימֶער אַרַיין אוּנ זִי בְּלַייבְּט אַלַיין זִיצֶען אלגירד נֶעמְט דָס חֵמֶל פוּן קָאפּ . אַרָאפּ אוּנ וַוייזְט זִיךְ פַאר זַיין וַוייבּ מִיט דֵיזֶע וֶוערְטֶער :

אִיךְ וִוינְשׁ דִיר גְלִיק מִיט דַיין נֵייעֶן חָתָן נָאר פְרִיעֶר גִיבּ מִיר מַיין רִינְג צוּ רִיק . נָאךְ דֶעם וֶועסְטוּ הֵיירַאטֶען :

אִין דֶר צַייט וָואס עֶר הָט גִירֶעט . הָט זִי אַלֶע קְרֶעפְטֶען פַאר לוֹירֶען . אלגירד נִיט אִיר צוּ רִיק דֶעם בְּרִיף אוּנ טוּט ווידֶר דָס הִיטֶל אָן אוּנ וֶוערְט ווידֶר אוּנְזִיכְטְבַּאר :

דֶר בַּאשָׁע קוּמְט צוּרִיק טְרֶעפְט עֶר דִי טָאכְטֶער הַאלְבּ טוֹיט . וִוי אִיז דָס ווידֶר פַאר אַנֵייעֶס דִיר גְשֶׁעהֶען פְרֶעגְט עֶר זִי עֶנְטְפֶערְט אִים מִיט אַנַאנְץ שְׁוַואכֶע שְׁטִימֶע . מַיין זֶעלִיגֶען מַאן הָאבּ אִיךְ גְזֶעהֶען . (זֶעלִיגֶען זָאגְט מֶען אוֹיף אַיין גְשְׁטָארְבֶּנֶם עָלָיו הַשָׁלוֹם) עֶר זָאגְט וָוס זָאגְסְטוּ פִילֵייכְט בִּיסְטוּ אַנְשְׁלָאפֶען גְוָוארֶען אוּנ עֶס הָט זִיךְ דִיר גְחָלוֹמְת . זִי וַוייזְט אִים דֶעם בְּרִיף וָועה לִיבֶּר פָאטֶער עֶר הָט אוּגְעֶנְבְּלִיק דֶעם בְּרִיף אוֹיף דֶעם טִישׁ אַנִידֶער גְלֵייגְט זִיא וֶוייְנְט זֵייעֶר . דָס קֶען נִיט זַיין זָאגְט עֶר . עֶר אִיז שׁוֹין עֶטְלִיכֶע וָואכֶן טוֹיט דוּ הָאסְט דָא . זֶעלבּסְט

וועלבעס זיין העלץ געזעהן אויף דער שווערד אויף געשטאכן

דער באשע וועצט זיך צום טיש אנידער אונ זאגט ווייטער ווי איז ער אהין געקומען. אלגירד נעמט אראפ דעם היטעל אונ זאגט אט בין איך מיין ליבער שוועהר. איך בין געקומען נאך מיין רינג אוו ניט דער באשע אנשרייא געשווינד נעמט אים חאפט אים. אלגירד האט זיך געשווינד דעם היטעל אן געטאן. דיא וואך איז מיט איין גרויסען איבערפעט אריין געפאלען אבער זיי האבן קיין מענש ניט געזעהן נאר דער באשע מיט זיין מאכט. זוכט אים ער איז ערשט דא געוועזן ער האט זיך געמוזט דא בהאלטען זיי האבן גזוכט אבער ניט געפונען די וואך איז צוריק אויף זייער ארט געגאנגען; ווי די וואך איז שוין ארויס געגאנגען זאגט אלגירד נאך אונזיכטבאר דא בין איך.
דער באשע שרייט ווידער אויף דער וואך וועלכע זענען באלד אריין געקומען נעמט אים ער איז ערשט דא געוועזן זוכט אים אין די ווינקלען. אלגירד זעצט זיך אויף אשטול אונ לאכט; זיי גייען ווידער אוועק דער ווייל איז אלגירד אריין געגאנגען אין צווייטען צימער אונ האט זיך דעם היטעל אוס געטאן מען זאל מיינען ער האט זיך דארטען בהאלטען אונ איז זיכטבאר אריין געקומען מיט די ווערטער. נוא וועט מען מיר אט געבען מיין רינג דער באשע שרייט ווידער אויף די וואך געשווינד ער איז דא חאפט אים. נעמט אים. ער איז דא. די וואך איז ווידער אריין געלאפען מיט גרויס געשטורעם. אלגירד האט שוין ווידער דעם היטעל אויף דעם קאפף אונ עס איז שוין ניט דא וועמען צו האפן דער באשע שרייט ווייטער זוכט. זוכט ער האט זיך בהאלטען; אלגירד שטייט זיך אין אווינקעלע אונ לאכט אין די פויסטען אריין. ווי זיי האבען אים ניט געפונען האט זיי דער באשע געהייסען אפ טרעטען אונ איינער זאגט צום אנדערן עס איז שלעכט מיט אונזער באשע ער איז משוגע

אלגירד

אלגיורד הט זיי שוין אלע ביידע דעם טאג צו פרידן גלאזטן

, דעם צווייטן טאג איז אלגירד ווידער גקומן אין פאלעץ
אריין אונ פערשידענע וויצן גמאכט אונ אלץ נפאדרט מע:
זאל אים זיין רינג אפ געבן דער באשע הט אלץ גרופן די
וואך עס איז אבר ניט גוועזן וועמן צו נעמן. עס איז שון
בעקאנט גווארן אין דר גאנצר שטאט דס דר באשע הט
זיין פארשטאנד פר לוירן. אם מיינסטן הט ער דעם באשע
פר בטערט זיין לעבן מיט דעם עסן. ווי באלד מען הט
דעם באשע עסן גגעבן הט עס אלגירד פון טיש אראפ גנומן
אדר ער הט עס אוף גגעסן כען הט ניט גוואוסט וויא
עס קומט אהין. דען יעדע זאך וואס ער הט אן גרירט ווען ער
איז גוועזן אונזיכטבאר איז אלץ אונזיכטבאר גווארן ער זאגט
צו דעם באשע ווי לאנג דו וועסט מיר ניט אפ געבן מיין
רינג אזו לאנג וועל איך דיך ניט לאזן רוען:

אך. זאגט דר באשע וואס פר לאנגסמו. ווארום לאזטו
מיר מיין עסן ניט באקומן הב איך דיר דען דם רינג גנומן
גיי צו איר לאז זי דיר דען רינג אפ געבן. ניין זאגט אלגירד
איך לאז דיך ניט צו פרידן. איך ווייס גאנץ גוט דס דו
האסט זי צו גועט זי זאל מיר דען רינג צו נעמן פון
רעכטס וועגן טוא איך דיר צו ליב יעצט אונ גייא אוועק.
אונ איך וועל דיך היינט שון צו פרידן לאזן:

דעם באשע איז ליבר גוועזן אז צו ליידן איידר ער
זאל אים ברוכן אפ צו געבן אזו איין וואונדרליכן. רינג ביי
נאכט הט ער אים ניט גלאזט שלאפן ער הט צו בראכן אלע
שפיגלן אלע קרעדענצן אונ דר באשע הט אלץ ניט גוואלט
אפ געבן דען רינג ער הט שון דעם באשע גלאזט גיין אונ
איז אביסל גגאנגן צו זיין ווייב אין שלאף צימר אריין אונ
דארטן שיינע שטיקלעך גמאכט. ער זאגט צו איר מיין רינג

ווא

ואז איז דו פאלשע וועסטו אפ געבן מיין רינג צו ניט אלגינע שפרעכט מיין ליבר מאן הב דאך מיטלייד אוף מיר אונ שרעק מיך ניט אזו פיל מאל איבר. דו פאלשע פרוא. זאגט ער דם האסטו דיך דר בארימט איבר מיר ווען דו האסט מיר די רינג גנומן. אונ מען הט מיך גשלאגן אין קייטן אום צו ברענגן דם איז גיוועז מיין באלוינונג פר דעם ווס איך הב אייך פון דר נוט אום גקויפט וויל פיל בלוט וואלט גוועז פר גאסן גווארן ווי וואלט שון דיין פאטרט רעגירונג גוועזן גיין ניין איך וועל אייך פריער ניט רוען לאזן ביז איך וועל דען רינג האבן :

ליבר אלגידר זאגט זי צו אים טוא מיר די ניפליסייט אונ בעוויז דיך דם איך זאל דיין קערפר זעהן עם וועט מיר זיין אנגינעם : גרו ווייסט דאך ווי ליב איך הב דיך גהאט : אונ זעע דיך דא אוף דעם בעט איך וועל דיר שון אפ געבן דען רינג נור שרעק אונז ניט מער. ווי הט וויטר גרעט אלץ מיט ווייבע רייד ביז זי הט זיין הארץ אין גאנצן צו זיך צו גצוגן :

אלנירד הט איר גגלייבט. אונ איר צו ליב גטאן ער גנעמט זיך דם היטיל אראפ אונ זי הט אים דר זעהן ער הט איר פאר גווארפן ווי פאלש זי איז אים געוועזן זי הט זיך אלץ פר ענפרט אלץ אוף איר פאטר גלייגט ער איז אלץ שולדיג ער הט זי אן גרעט. סורץ זי הט אים מיט אירע פאלשע שמייכלדיגע רייד גבראכט דם ער איז שון געבן איר אוף דעם בעט גזעסן די בייזע אונ פאלשע שלאנג הט גמיינט ער איז שון אין גאנצן ביי איר אין דר האנד הט זי גגעבן אנישרייי אוף דר וואך זעלנער אריין גשווינד : ער איז דא ער הט גאנץ גשווינד דם היטיל אן גטאן : א הא פון אלנירדן איז שון אנישט גווארן די וואך איז

איין גפאָרן מיט איין איכפעט אונ האבן גזוכט אונ ניט גפונן זיי זענן צו ריק ארום גנאנגן אונ האבן גזאגט איינר צום אנדערן ווי עס וייזט אום איז שון די ארגנע אוך פשונגע

ווי די זעלנער זענן שון ניט גוועזן מאכט זיך אלגירד זיכטבאר אונ זאגט צו איר די פאלשע שלאנג אצונד וועל איך דיך אומברענגן אונ דר נאך דיין שלעכטן פאטר אונ וועל אלעס צו האקן ביז איך וועל די רינג גפינן :

זי גייט אראפ פון בעט אונ פאלט אים צו די פיס אונ הייבט אן צו וויינן מיין ליבר אלגירד פארצייהע מיר נאך דם איינע מאל. גלייב מיר דם וועט זיין שון דם לעצטע מאל איך הב קענן דיר גזינדיגט. איך שווער דיר צו דם עס וועט שון זיין דם לעצטע מאל צו בעוויז איך גיב דיר באלד דען רינג. אין דעם גייט זי אונ געמט ארוס פון פירעלע דען רינג אונ גיט עס אים מיט די ווערטר, דוא האסטו דען רינג אונ אזו ווי דו זעהסט אצונד דען רינג פר דיר אזו זענן שון מיינע גדאנקן אונ מיין הארץ דיר גיטרייא צו זיין אונ דיך ליב צו האבן פון אצונדערט אן קענסטו שון גאנץ זיכער זיין דם דו וועסט אוף מיר דו נרעסטע פאלשקייט ניט דר גיין (דם אלץ איז אבר אזו פאלש גוועזן ווען זי זאל זיין ברוט זכהן וואלט זי זיך נאך ניט גקילט :

אלגירד הט איר איבר דר גאנצר צייט ניט געגעבן נור זי שטארק אן גקוקט אונ טראכט ביי זיך אזו איין בילד איז דאך ניט צו גפונן אין דר גאנצר וועלט אונ נאך מער איין פרינצעסן עס קען זיין זי איז מיר ווייטר ניט גטריי איך הב דאך אבר די פיר וואונדערליכע זאכן דען רינג. דען דיוואן. די שטיוויל. דם היטיל ווען עס וועט אפילו קומן דר עלצטר פון די טייוולען קען ער מיר אוך ניט טאן זי

איז

איז דאך נאר אנעבה אבר ווי שלעכט האט ער זיך בענאנגע
וואס ער האט איר געליבט ער האט פר געסן דם שפריכווארט
וואס מען זאגט . ווי דר מייוויל קען ניט אן שפאן דארט
שיקט מען איין אלטעס ווייב זי האט מיט אירע גוטע רייד
אים איבר גסוטט ער האט זי גקושט אונ גחאלזט אונ זיך
איינם דם אנדרע טריישאפט אוף אייביג צו גזאגט :

דר באשע זיין שוועהר האט אים אוך איבר געבען אונ אים
פר שפראכן די ליבשאפט אוף אייביג ;

ביי דעם אלעם האט ער איר ניט גטרויט די פיר זאכן
ער חט זיי גהאלטן באהאלטן עס האט קיין מענש דער
פון ניט גוואוסט זי האט אים אלץ געבעטן ער זאל איר דם
אלץ געבן אונטר איר גוואלד ער אבר האט ניט גוואלט דם
האריץ האט אים אלץ גזאגט אז זי איז אים נאך פאלש :

אצונד מיין ליבר לעזער שלים איך דיר דם ערשטע
טהייל דר פון סענסטו דיר אם לערנן אמוסר ווי אונגליקליך
דר מענש איז ווען ער פאלגט ניט עלטערן אונ נאך מער
ווען מען האלט ניט די צוואה אבר וואול ער האט דאך
די מוסר אגרוס פר מעגן גלאזט פון דעסט ווענן איז ער
גשטראפט גווארן מיינסטו דם ער איז שון פארטיג . ניין
ער האט נאך פיל איבר צו קומן ווי דר צווייטע טייל וועט
ווייטר שרייבן :

## ענדע דער ערשטע טהייל

# צווייטע טהייל פון אלגירדע

אלגירד מיט זיין ווייב אלגינע האבן זייער פערגעניגענס
געלעבט ער האט שון גאר פר געסן דס שלעכץ וואס זי האט
קענן אים געמאכט ער האט שון אן געהובן צו זעהן אין דאנר
פיה־ונג וויל דר באשע וואר שון אוף דר עלטר סורץ די
פאלשע פרוי האט געוויסט אים אזוי וויים צו שמייכלן אז
ער האט שון געמיינט דס וואס מיט אים האט זיך געפירט ביז
אהער וואר אטרוים. איין מאל איז אלגינע געזעסן ביי דעם
באשע אין צימר. אלגירד וואר ניט אין דר היים שפרעכט
דער באשע צו איר. ליבע מיין כשער איך קען דס גאר ניט
פר שטיין ווי אזוי דיין מאן איז ביי דעם לעבן געבליבן.
מען האט דאך מיר זיין הארץ געבראכט געוויס האט מען דאך
אים דר שלאגן ווי אזוי איז ער לעבעדיג געווארן. צוויי
זאכן איז מיר זייער באנג. איינס וואס איך האב די רונג
אין מיין געוואלד ניט. צווייטנס זיין לעבן איז מיר צו פיל
ענטפערט זי מיט גרוס פרייד ליבער פאטער ווען דו ווילסט
וועל איך דיר די רינג צוריק שאפן און נאך מער די
אנדערע וואונדערבארע זאכן אויך. און נאך דעם וועל איך זיין
לעבן אוועק נעמן. און אויך אזו באלד דר תליון האט אים
זיין לעבן געשענקט וועל איך מיך אין אים נוקם זיין. מיין
ליבע טאכטער שפרעכט דער באשע די וואונדערבארע רינג
זאלסטו מיר צוריק שאפן און אים דס לעבן אוועק נעמן
אצונדערט ווען מיר זעהן מיט וואס פר איין פלאן זי האט
געוואלט פון אים די וואונדערליכע זאכן ארוס קריגן. אין
עטליכע טאג ארום ווען איינער פאר פאלק געזעסן ביי דעם
פענצטער די לופט האט זייער געשמעקט זאגט אלגינע מיין

ליבער

ליבער מאן . זאג מיר דאך איך בעט דיך ווי אזו ביסטו ביי דיין לעבן גבליבן איך האב דאך געזעהן דיין הארץ אויף אשווערד אויף גשטאכן . ליבע פרוי שפּרעכט ער ווייל איך בין שון איבער צייגט אין דיין פריישאפט אזו וועל איך דיר אלעס ערצעהלן . ווי דר גוטער בערגרים האט אים זיין לעבן גשענקט אונ אויך זיין ארם אהונד דר שלאגן ער האט איהר אלעס ביז צום לעצטן דר צייהלט :

ווען אזו שפּרעכט זי מוז איך דעם גוטן בערגרים איין עהרע מאכן אונ אים דאנקן דו זאלסט וויסן דס איך וועל אבאל מאכן פאר אלע גרויסע לייט פון דר שטאט אונ דער בערגרים זאל זיך איינפינדן אויף דעם באל דאמאלס וועל איך אים ערשט דאנקן :

מיין ליבע ארגינע שפּרעכט ער איך דאנק דיר אונ איך בין זעהר צופרידן פאר דיין גוט הערץ מען האט דעם באל אם גלייכט אין אכט טאג ארום יעצט וועלן מיר זעהן מיט וואס פאר איין ספּאסאב זיי האבן דעם אונגליקליכן אנגירד גוואלט אומברענגן דר באשע האט גהאט איין לייב דאקטער ער האט גהייסן גילארד ער איז זעהר גוט אונ קלוג . אין דאקטעריי איז ער גוועזן דר ערשטער קינצלער . אונ ביי דעם באשע האט ער שון גדינט פופצעהן יאר . איבר די גאנצע צייט האט דר באשע פון אים קיין שלעכטע זאך ניט גזעהן נאך דעם דאקטר האט דר באשע גשיקט אונ צו אים די ווערטער גזאגט . הער אום מיין ליבר גלארד דו מיינסט מיר אצונר מיט איין זאך דינן דו זאלסט מיר אבר ניט אפּ זאגן ער האט אים פאר צייהלט די גאנצע היסטאריע ווי ער איז ניט רוהיג ביז ער וועט פון אים דען רינג אונ אויך די אנדערע וואונדערליכע זאכן באקומן אזו פאר לאנג איך דס דו זאלסט מאכן אפּראשיק אשטארק שלאפנטרונק איך וועל

מאכן

מאכן אבאל אונ מיין איידם מיט דעם תליון וועלן אויף זי
אוף דעם פאל אונ נאך דעם עסן וועט מען געבן וויין אזו
זאלסטו זעהן מיט גשווינדיגקייט אריין צו שיקן פון דעם
פראשים אין אייערע גלעזר וויין אונ ווייטר פאר לאנג איך
ניט פון דיר נאר היט דיך דס קיין מענש זאל עס געוואר ווערן .
גנעדיגער הער שפרעכט דער דאקטר . מיין שולדיגקייט
איז דיר גהארזאם צו זיין איך זאל דיר לייסטן דס איך קען
דעם פראשיק ניט מאכן ווייסטו דס עס איז ליגן איך קען
זאגן איך וויל ניט ווייס איך גאנץ גוט דס איך ווער מיין
קאפף פאר לירן נאר איך בעט מיר צו ערלויבן איינע
היסטאריע וואס עס האט זיך גטראפן צווישן איין קאליף מיט
אראסטר צו פאר ציילן דר באשע האט עס ערלויבט :
ער פאנגט אן :
אמאל איז גוועזן אקאליף ער האט ביי זיך גהאט אלייב
דאקטר ער האט גהייסן רוכאף אונ וועגן זיינע גרוסי קענטניסע
האט אים דר קאליף זייער ליב גהאט . די אנדרע הויף לייט
האבן אים זעהר מקנא גוועזן . אונ זאגן צום קאליף וויל
ער איז אפרעמדר קען מען זיין גטרייהייט ניט פאר לאזן .
דעם קאליף איז דס גגאנגן אין די גדאנקן אריין אונ האט
זיך פאר גנומן דעם דאקטר צו פרייאן אמאל זאגט ער צו
אים מיין ליבר רוכאף איך ווייס גאנץ גוט דס דו ביסט מיר
זעהר גטריי אזו וויל איך דיר איין זאך אנפערטרויען . דו
זאלסט וויסן דס איך האב אין מיין מדינה איינעם אונטר
מיינע אונטערטאנן וואס איך ווייס דס ער איז מיר ניט גטריי
וועגן זיין גרוסקייט אבר קען איך אים ניט עפענטליך
אומברענגן באפעל איך דיר דס דו זאלסט מאכן אזו איין
גיפט איך ווער מארגן מאכן אבאל אונ אים אויך פר בעטן
זאלסטו דס אריין שיטן אין זיין בעכר וויין אריין אונ דס

זאל

אל אים ציים עטליכע שטונדן מייטן אוף אזו איין ארט
וועל איך פון אים לוז ווערן מיין העררסאליה ענטפערט דער
דאקטער מיינע חכמות אונ וויססענשאפטן בעשטעהע נאר דעם
מענש זיין לעבן צו דער לענגערן אבר דם לעבן יענעם
אוועק צו נעמן דיזעס האב איך נים גלערינט איך האב
מיר נאר נים פאר געשטעלט דם מיין העהר זאל דיזעס פון
מיר פארלאנגן ער בעט אים מיט גימן אונ פארשפרעכט
אים נאך גרעסר צו מאכן עס האט אלץ נים געהאלפן דר
פרומר דאקטער בלייבט ביי דעם זיינע ווי דר קאליף וועהט
דם עס העלפט אלץ נים או מאכט ער זיך בייז אונ ווערט
זייער צארענדיג אונ בעפעלט דם מע זאל דעם דאקטער אין
טיפן שלאס אונ אין געפענגניש זעצן עס איז אזו געשעהן .
אוך האט דר קאליף געהייסן איין מאן מיט אים מיט זעצן ער
זאל מיינען דם דיזער איז אוך אפאר שולדיגער ער זאל מיט
אים שמועסן פיליכט וועט ער עטעם שלעכטס רעדן אוף דעם
קאליף דר פרומר דאקטער האט אבער וואול געוואוסט דם ער
אום שולדיג איז פון דעסט וועגן האט ער פר דעם פארמיינטן
[illegible] זיין שלעכטס ווארט גרעדט פר וואס דר קאליף האט אים
גלאזט זעצן איין עטליכע טאג ארום האט אים דער קאליף
גלאזט פר אים ברענגן ער פרעגט אים אריין אין אבאזונדר
צימר אריין אונ פר שליסט די טיר אין דעם צימר שטיט
אטיש מיט גאלד אונ ברולאנטן אונ אין דר זייט שטיט
אתרון מיט אשווערד אונ שפרעכט צו אים דר שארפריכטר
מיט גרוס צארן מאך דיך פארטיג צום טוט זייגע ווערטר
אבר האבן דעם פרומן דאקטר גאר נים איבר געשראקן נאך
דעם זאגט צו אים דר קאליף נון דוראף וויל דיר אום וואס
פר לאנגסטו צו ווילסטו דם גאנצע פר מעגן וואס דיא
זעהסט אוף דעם טיש ליגן אדר צו ווילסטו שטארבן :

מיין הער מאליף ענפערט דער פרומער דאקטער די שאנד
בעשטייט ניט אין דר שטראף נאר אין דעם פער ברעכן איך
וויל ליבר שטארבן איידר איך זאל מיין עהרע מיין שטאנד
בעפלעקן דו גרוסר באהערשר דו ביסט דר הער פון מיין
לעבן מאך מיט מיר וואס דו ווילסט איך נעם עס גאנץ פר־
ליב אן ווי דר קאליף זעהט דס אלץ העלפט ניט ניט ער
דעם פרומן דאקטער דו דאנקט און זאגט צו אים דו פרומער
דאקטער איך בין מיט דיר גאנץ צו פרידן דו ביסט מיין פריינד
און איך דיין פריינד כע האט מיר דיין טרייהייט געוואלט פר
ליקענן אזו האב איך געוואלט דיין עדלקייט און דיין הערץ
פרייען דס איך זאל שון אויף ווייטר אויך זיכער זיין אלזו
שענקס איך דיר דס גאנצע רייכטוהם וואס דא ליגט ניט אלס
באלאונונג זאנדרן אלס פריינדשאפט און פר דיין פרומקייט
און אוסר דעם האט ער נאך פון קאליף איין ארדער נקינג :
אזו אוה מיט מיר איך ווייס ניט זייערע גדאנקן צו ווילט
איר זיך פריען צו טיינט איר עריגסט . שפעטר צו אים
דר באשע דר משל איז דאך ניט גלייך דען יענער האט דאך
פר לאנגט דס דר דאקטער זאל אים טייטן איך אבר פר־
לאנג דאך נאר זיי מיט אשטארק שטראף צו מאכטירן אזו
בעט איך דיך ווי צום געשווינדסטן דעם פראשיג טארטיג צו
מכן . מיט די ווערטר האט זיך זייער גשפרעה געענדיגט .
כורץ דר טאג פון באל איז אן געקומען עס זענן געוועזן פרבעטן
די גרעסטע לייטן פון דר שטאט אונזר אלגירר מיט בערגדיטן
זענן זייער פרייליך געוועזן אלגינע האט דעם בערגדיטן זייער
פיל עהרע געצייגט נאך דעם עסן האט מען וויין געטיילט אזו
האט דער דאקטער אין דר געשווינדקייט אריין געטאן אין
זייערע גלעזר פון דעם פראשיק ווי זיי האבן דעם וויין אוס
געטרונקן אזו זענן זיי איינגעשלאפן און זייערע געסיכטן האבן

אום גזעהן גלייך ווי זיי וואלטן טוט גוועזן עס איז גוואורן אגרוסר לארים אוף דעם באל מען האט גשיקט נאך פיל דאקטורים מען האט פיל מיטלען אנגיווענדעט אונ עס וואר אלץ אום זונסט זיי זענן גבליבן טוט אונ די פארשיי פרינצעסן האט זיך נאר די האר פון קאפף אום גריסן אונ זייער גקלאנג אך מיין ליבר מאן ווי גשווינד ביכטו פון דר וועלט גנאנגן אין דיינע בעסטע יאהרן האסטו דיך מיט דר וועלט גזעגינט מען האט זיי גמאכט טרומנעס פון העלפאנט ביין די גרעסטע לייט פון דר שטאט זענן נאך גנאנגן אוך דר באשע מיט זיין טאכטר האט זיי באגלייט ביז דעם באגרעבניש אונ זיי באגראבן אוף דעם ארט ווו אלע באשעס ליגן עס זענן גוועזן פון די גרוסע לייט וואס האבן זיך פר שטאנן זיי האבן אפר ראך נהארטן די צונג צווישן די ציין . מען האט אום גגעבן איין טרוער אוף צוועלף וואכן :

ווי זיי זענן אהיים גקומן פון באגרעבניש זאגט דר באשע צו זיין טאכטר וואס וועסטו ווייטר טאן זארג ניט מיין ליבר פאטר ענפערט זי איך וועל שון וויסן די זאך אן צו שטעלן ווי עס איז נאכט גוואורן אזו איז אלגינע גנאנגן מיט אירע צוויי נטרייע קנעכט אונ האט גלאזט די צוויי טרומנעס דורך אהייל אונטר די ערד אין איר פאלעץ אריין ברענגן מען האט גמאכט ווארם וואסר מיט סראטיכצער אונ זיי אריין גלייגט אין וואסר אזו האבן זיי גוויזן צייכנס פון לעבן ווי זיי האבן אן גהובן די אוגן צו עפינן זעהן זיי דם זיי בפינדן זיך אין איין פינצטערע שטוב עס האט זיך נאר גברענט אטונקל לעמפיל אלגינרד זעהט זיך אום דר זעהט ער דעם תליון זיי פרעגן זיך איינר דעם אנדערן ווי זענן מיר אין דר וועלט די צוויי ברינטע זענן געשטאנן אין דר זייט מען זאל זיי ניט זעהן און די פר פלוכטע אלגינע איז גשטאנן

אין

זיי וָענֶן בִּיז הונדֶערְט פופְצִיג פַארְשׁוֹן הָאט מִיר דִיזֶער גָזָאגְט וָועל אִיךְ זַיי יָעדֶן גֶעבֶּן צוּ הונדֶערְט רוּסָאטֶען . וויא וָועסְטוּ בַּאלְד נֶעמֶען אַזוֹי פִיל גֶעלְד בַּיי דִיר הָאסְטוּ דָאךְ נִיט . פַאר דֶעם בְּרוֹיכְסְטוּ נִיט צוּ זָארְגֶן עֶנְטפֶערְט עֶר ווִי הָאבּ אִיךְ דַיין פָאטֶער גֶעגֶבֶּן (אִין דֶעם דְרֵייט עֶר זִיךְ אוּים פוּן אִיר אוּנ גֵייט אַרַיין דָארְטֶען אִין אֶקְרֵיין שְׁטִיבֶּל וָואס הָאט גֶהֶערְט צוּ דֶעם רֶעשְׁנִיץ . עֶר הָאט זִיךְ גֶּתַיֶּסֶן גֶעבֶּן אַוֶעקִיל עֶס אִיז נִיט אוּם גְנַאנְג צֶעהֶן מִינוּט אִיז דָאס וָעקִיל פִיל מִיט גָאלְד גְוֶועזֶען . עֶר הָאט צוּ זַאמֶן גְרוּפֶן דִיא גַאנְצֶע קָאמְפַּאנְיֶע אוּנ הָאט זַיי גַאנְץ רִיכְטִיג יֶעדֶן צוּ הונְדֶערְט רוּבָּאטֶען אָפּ גֶעצֵייל . דִי אָרֶמֶע וָוענֶן אִים צוּ דִי פוּס גֶפַאלֶן אוּנ אִים מִיט טְרֶערֶן גֶדַאנְקְט . אַזוֹ זָאגְט עֶר , לִיבֶּע פְרוֹי אַזוֹ אַסְרֵייר הָאבּ אִיךְ נָאר נִיט גֶהַאט צַייט אִיךְ לֶעבּ ווִי יֶעצְט . זִי הָאט אִים גָאר נִיט גֶעֶנְפֶערְט נָאר אַלְץ פַר טְרַאכְט גְוֶועזֶען וָועלְכֶט אִים נִיט גֶפֶעלֶן הָאט . נָאךְ דֶעם הָאבֶּן זֵייא זִיךְ צוּ הוּיזֶע בֶּעגֶעבִּין :

ווִי זִי אִיז אַהֵיים גֶעקוּמֶען אִיז זִיא גְלֵייךְ צוּם פָאטֶער גֶגַאנְגֶען אוּנ הָאט אִים דִי גַאנְצֶע סְצֶענֶע דֶער צֵיילְט זָאגְט צוּ אִיר דֶער פָאטֶער הֶער אוּם מֵיין קִינְד דוּ זָאלְסְט ווִיסֶען דָס דַיין מַאן אִיז מִיר אִין גַאנְצֶען גִיט לִיבּ . אִיז מֵיין מֵיינוּנְג אַז דוּ זָאלְסְט בַּוִויא אִים אוּיס פָארְשֶׁען אִין ווָם זַיין קִינְץ בּאשְׁטֵייט דָס עֶר פוּן נִיכְטְס אַזוֹ פִיל גֶעלְד הָאט . אַזוֹ בַּאלְד דוּ וָועסְט דָס פוּן אִים אוּס פָארְשֶׁען וָועל אִיךְ עֶם דֶער נָאךְ קָאִין דֶער שְׁלָאג . גַאנְץ גוּט עֶנְטְפֶערְט זִיא אִיךְ וָועל שׁוֹן זֶעהֶן ווִי דָאס אָן צוּ שְׁטֶעלֶען אִיךְ הָב אִים אוֹיךְ נִיט לִיבּ . זִי מַאכְט זִיךְ גָאר נִיט ווִיסֶען אוּנ אִיז צוּ רִיט אִין אִיר צִימֶער אָרֵיין

איין מאהל ווי זיי זענן צו זאמן געוועזן אונ אבענד ברוט געגעסן זאגט זיא צו אים מיין ליבער אלגירד איך בעט דיך זאג מיר פון וואנען געסטו אזו אוף דער מינוט געלד. אונ וואס באשטייט דיין קונץ. דען פר קיין צויבערער נעם איך דיך ניט אן נאר דו מוזט עפיס אוואונדערליכע זאך האבן: וואס דו ווינשט דיר אונ עס ווערט:

מיין ליב ווייב ענטפערט ער, מיין הארצירינע אלגינע דע: (אזו האט די פרינצעסן געהייסן) פר לאנג דאס ניט צו וויסן דאס איז איין סוד דו ברויכסט ניט צו וויסן. זי אבער האט אים זייער שטארק געבעטן ביז זי האט אים איבער גרעט. ער האט איר דאס פינגעריל געוויזן. אונ איר די גאנצע היסטאריע דער ציילט אונ וואס פר איין ארט האט ער די רינג באקומן:

צו מארגנס האט זי ווידר דער פון געשמועסט אונ זאגט זיא צו אים מיין ליבער מאן איך וועל דיך עפיס פרעגן זאג מיר איך וואלט גערן געוואוסט צו האסט דו אזו איין גוט הארץ וואס דו האסט פיל גערד מיט איין מאהל צו טיילט מיין ליב קינד איך וועל דורך זאגן. דער מענש האט קיין זאך ניט אין זיין געוואלט. גאט ניט אויגנעמן איין פר מעגן. ניט איין מאל זעחט מען וויא גאט נעהמט עס ווידער אוועק אזו איז אוך מיט מיין רינג. דורך איבער דער צייט וואס איך האב זיא פון איך זעהן צו העלפן איך וועל דיר דער ציילן וואס איך האב געלעזן אין אריטמעטיק בוך וואס (רחמנות) קען ווירקען:

אין וויין האט זיך אמאהל פר לאפן. אגיוויסער האט איז גנאנגען שפאצירן קומט צו צו גיין אקינד אן געפער

פון

פון צוועלף יאהר אונ שפרעכט צו אים . גנעדיגר הער
שענקן זיי מיר אנדבה דער הער טוט אים אן . פר
אבעטער קינד הט דער יונגע אים ניט גשוינט . אב וואהל
אט גצערט איז ער גוועזן אויף דעם גזיכט די קליידער
זיינע האבן אויס גוויזן דאס ער איז ניט קיין בעטלר .
ער נעמט ארוס איין האלבן גולדן אונ גיט אים . ניין
ליבר הער שפרעכט צו אים דאס קינד אטאיר ברויך
איך . אונ פאנגט אן זייער שרעקליך צוא וויינען זייא
קאנען מיר זיכער גלויבן צייט איך לעב האב איך ניט
גבעטילט היינט בין איך אבער דער צו גצווינגען . דען
מיין מוטער איז שטערבליך קראנק אזו טו איך איר
אראקטער ברענגן . אונ וויניגער ווי אטאלער וועט קיין
דאקטר ניט נעמן . ער קען ניט זיינען פר גוויין :

ווי וואוינט דען דיין מוטער פרעגט ער . זיא וואוינט
אוף דער יענער צייטע שטראסע נומער הונדערט אונ אכט
אונ צוואנציג אונטן אוף דעם הוף . ווי הייסט דיינע
מוטער פרעגט אים דער אונבאקענטר זי הייסט זאנענבערג
די אלמנה ער גיט אים אטאלער . דם קינד הט דעם
טאלער גענומען ער הט זיך קוים ווס בדאנקט אונ
איז אוועק ווי אפייל פון בוגן :

דער אונבאקאנטער הער איז גוועזן נייגעריג דיא זאך
צו וויסען אזו איז ער גלייך געגאנגען ווי דם קינד האט
אים אט גמאלט ער האט זיך דער פרעגט ער איז ארוף
געגאנגען אוף טרופע טרעפ ער קלאפט אן אין דער טיר
וואס עס איז גוועזן נעבן די שטיגען הערט ער איינע
שוואכע שטימע רופט זיך אן אינווייניג אריין . ער מאכט
די טיר אוף . אזו זעהט ער דאס דרעסקייט שוין אן
קוים דעם וואוינונג . אקליין שטיבעלע אבעטיל וואס די

קראנקע

פראנקע פרוא איז גלעגן נעבן בעטיל איז געשטאנען אקליין טישיל אוף דעם טישיל אגלאז עסיס מיט וואסער געמישט וועלכם זיא הט זיך צום קאפף צו גלייגט . אן דער זייט זענן געשטאנען צוויי שטילען אונ נעבן פענצטר איז געשטאנען אקליין טעסיל ; פון אובן אנימיין ברעטיל אוף דעם איז גלעגן שרייב געצייג אקייעט לינייע . אביכל פעדר . מינט וום אלבערט (דען אזו הט דם קינד געהייסן הט געשריבען וואס מען האט אים אוף געגעבן ; אונ דער שולע :

ווי ער איז אריין געקומען זאגט צו אים די פראנקע פרוא זי אירען זיך גוויס פון הער . צו היר וואונט די מאדאם זאנענבערג שפרעכט ער . יא ענטפערט זי וועען אזו הב איך געטראפן איך בין איין דאקטר . איר זון הט מיך באשטעלט דם איך זאל אייך באזוכן אזו האב איך אלעם דאקטער אונד מענשען פריינר פיין שולדיקייט גטאן אונ בין געקומען . אך געעדיגער הער דאקטער שפרעכט זי איך האב גלייך גמערקט דם זיי זענן איין דאקטער . דען גלייך ווי זיי זענן אריין געקומען איז מיר באלד עטוואס לייכטער גווארן זי הט אים אוך דר צילט דם איר מאן דער גרעסטר קויפמאן וואר . נאך זיין אפ שטארבן הט זי אן גפאנגן זיינע געשעפטן צו פירן אבער דם גליק הט איר ניט געדינט זי הט צייט דרייא יאהר דם גאנצע פר מעגן פר לורן אונ בין יעצט אין דעם ביטערן שטאנד ווי זיי זעהן מיך איך הב שון ניט וום צו פר זעצן . מיך צו רעטן פר איין שטונד בין איך געבליבן ליגן זייער פר שטאכט אונ גאר קראפטלאס אזוי הט מיר מיין זון גזאגט דם ער וועט א דאקטר ברענגן . אך דם גוטע קינד

דער

דער פארמיינטער דאקטער האט גלייך גיטערקט דאס איר קראנקהייט איז דאס ווייל זי ארעם איז אזו זאגט ער צו איר איך וועל אייך איין רעצעפט פר שרייבן וועלכס אייך גוט דינען וועט . זיי וועלן מיט געטליכע הילפע גיזונד אונ גליקליך אויך זיין . ער גייט צו דעם קליין טעסיל אונ שרייבט איין רעצעפט . אונ לאזט ער ליגן געבן איר אויף דעם טישיל . ער שרייבט איר מיט דיא ווערטער גאט וועט אייך גיוויס העלפן . אך ליבער דאקטער באזונדן זיי מיך נאך אמאל . זייער גוט ענפערט ער אונ פר לאזט דאס צימער אונ גייט אוועק . עס גייט ניט אום קיין צעהן מינוטן קומט אלבערט מיט אדאקטער אונ שפרעכט ליבע מוטער איך ברענג דיר אדאקטער . דען אגיוויסר הער האט מיר אמאלער גגעבן איך זאל האבן דעם דאקטער צו געבן . אז וויל איך דער מוטער דאקטער דאס געלד ניט נעמן אונ דיר אוויזיטע אום זונסט מאכן . ליבער זון בעטלן האסטו דאך ניט גברוכט אויף זאלסט וויסן דאס דר אונ בקענטר וועלכר דיר דעם מאלער האט געגעבן איז אויך אדאקטער ער איז ביי מיר גוועזן אונ מיר איין רעצעפט פר שריבן דא ליגן דאס אויף דעם טישיל :

דער צווייטער דאקטער וואר נייגעריג זיין קאלעגע צו קענן אזוי נעמט ער דאס רעצעפט אונ לעגט אונ זאגט מיט פר וואונדרונג יא ליבע מאדאם אזו איין רעצעפט וועט אייך קיין דאקטער אין דער וועלט פר שרייבען ווי דיזר האט פר שריבן . ווייסן זיי ווער דר דאקטער וואר . דאס וואר אונזער מאנארכע דער קייזער יוזעף הערן זיי נאר וואס ער שריבן האט ער נעמט דאס רעצעפט אונ קוקט דיא אונטר שריפט , איך באפעל דאס

פע

מען זאל די וויטווע זאנענבערג געבן אויף מיין קאסטן
פינף טויזינד רייכסטאלער אונ אויסער דעם זאל זי צייט
לעבן טויזינג גולדן מאנאטליך באקומן . ניזועף מייזער
פון אייסטרייך . די פרוא איז פון דעם גוטן נאכריכט
גזונד געווארן אונ דער גוטער מאנארכע האט פר איר
גזארגט צייט דם לעבן :

אצונדערט זעהסט דו שון מיין ליב ווייב וואס רחמנות
מאכט אוס וויפיל מענטשן זענען דא אזעלכע נויט
באדערפטיגע וואס מען ברויכט זייא צו העלפן נאר עס
טומן ניט אנגטעו" דו אויגן קען דם רחמנות ניט אזוא
פיל ווערקן . אזוא אוך מיט מיר . איך קען פיל מענטשן
געבן . נאר די וואס איך זעה ניט זייער נויט בגעסט
דם רחמנות ניט :

זיי האבן דעם טאג מיט פר גנוגען צו גבראכט .
ביי נאכט איידער זיי זענן שלאפן גגאנגן זאגט זי צו
אים מיין ליבער מאן ער לוב מיר דם פינגעריל איבר
נאכט ביי מיר אויף דעם פינגער האבן דם איז אקלייניסייט
ער האט דם איר באלד גגעבן אונ אוך איין גוטע נאכט
איר גוואונשען :

ביי נאכט ווי זי האט פר שטאנען דם ער גשמאק
שלאפט איז זי גאנץ לויז פון בעט אוף גשטאנן אונ איז
מיט דעם פינגעריל צום פאטער גלאפן אונ זאגט ליבער
פאטער דם ברענג איך דיר דעם וואונדערבארע פינגערל
יעצט לאזן מיר זעהן אלגירדן אוף יענער וועלט אוועק
צו שיקען :

דער באשע האט גנומן דם פינגערל , אונ בהאלטן
אונ געשיקט אשטארקע וואך מען האט געביך דעם
אלגירדען איין גשלאסן און קייטן אין אפינצטערן קעלר

איין

